# קאנסטיטושאן
# אונד ביילאוס

פון דער

# פארטשעסטער אינד.
# היברו לאדזש

געגרינדעט

אקטאבער דען **28**טען 1906

אין פארטשעסטער, נ. י.

THE SCHILLER PRINTERY

# אינהאלטס־פערצייכניס

## אַרטיקעל 1.

§ 1. דיזע לאָדזש זאָל זיין בעקאנט אונטער'ן נאָמען פאַרטשעסטער אינד. היברו לאָדזש פון דער ווילעדז אָף פאַרטשעסטער, דיזער נאָמען קען ניט געענדערט ווערען זאָ לאַנג עס געפינען זיך 7 (זיעבען) גוטשטעהענדע מיטגליעדער וועלכע ווילען דיעזען נאָמען אויפהאַלטען.

§ 2. צוועק געגענזייטיגע אונטערשטיצונג אין צייט פון נויט פון אַ מיטגליעד וויא אויך קראַנקען פאַל און טויטען פעלע.

§ 3. אַלע געשעפטען, וויא קאָרעספאָנדענצען און אַלע ביכער פון דיעזער לאָדזש זאָל אין דער אידישער שפּראַכע געפיהרט ווערען.

## אַרטיקעל 2.

### פערזאַמלונגען.

§ 1. רעגעלמעסיגע פערזאַמלונגען זאָל צוויי מאָהל מאָנאַטליך שטאַטפונדען, וועלכען טאָג אָדער אבענד זאָל פון לאָדזש בעשטימט ווערען.

§ 2. ספּעציאל פערזאַמלונגען קענען איינבערופען ווערען אויף פאָלגענדען ארט:

א) ווען עס ווערט בעשטימט ביי אַ רעגע־
לען מיטינג.

ב) ווען 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער ווענ־
דען זיך צום פּרעזידענט מיט אַ שריפט און גי־
בען אָן געניגענדע גרינדע דאַפיר ווארום זיי
ווילען אַזאַ מיטינג. אָדער פון פּרעזידענט אַליין
ווען ער געפינט פאר נויטיג אז אַ ספּעציאל מי־
טינג זאָל איינבערופען ווערען, דאן זאָל דער סעק־
רעטער בעאויפטראגט ווערען פּאָסטעל קארדס
דיא מיטגליעדער צו שיקען.

§ 3. ביי אזעלכע פערזאַמלונגען קען נור
פערהאַנדעלט ווערען דאָס צו ליעב וואָס דער
מיטינג איז איינבערופען געוואָרען.

ארטיקעל 3.

## גענעראל פערזאַמלונגען.

§ 1. גענעראל פערזאמלונגען זאָלען שטאַט־
פינדען אין דיא מאָנאַטען מערץ, יוני, סעפּטעמ־
בער און דעצעמבער.

§ 2. צו דיעזע פערזאַמלונגען זאָל דער פי־
נאַנס סעקרעטער אַלע ברידער שריפטליכע אָדער

גערדרוקטע נאָטיסעס אויסשיקען און דיא נאָטיס זאָל זיין אַלע זייערע שולדען.

§ 3. זיעבען גוטשטעהענדע מיטגליעדער בילדען אַ קווארום דאָס הייסט זיי האָבען דאָס רעכט ביי אַלע מיטונגען אלע געזעצליכע געשעפטען צו פערהאַנדלען, מיט דיא אויסנאַהמע פון אויסצאָהלען בילס.

## ארטיקעל 4.

## מיטגליעדער אויפנאַהמע.

§ 1. איין קאַנדידאַט צור אויפנאהמע אין דיעזער לאָדזש זאָל דאָס 21טען יאָהר עררייכט האָבען און דאַרף ניט זיין עלטער פון 45 יאָהר. ער מוז זיין קערפערליך און גייסטיג געזונד, מוז איין דאָקטאר אַטעסט אריינברייננגען פון אַ אָ דאָקטאָר וואָס דיא לאָדזש צייגט אָן אויך מוז דער קאַנדידאַט אַ גוטען כאַראַקטער בעזיטצען און אימשטאַנדע זיין זיך און זיין אַמיליע צו ערנעהרען, ער מוז אויך זיין פערהייראַט נאָך דעם אידישען דין ווען ער פערהייראַטה איז.

§ 2. איין פאַרגעשלאָגענער קאַנדידאַט מוז 6 מאָנאַטען אין דיעזען לאַנד זיין און 3 מאָ־נאַטען אין דיעזער שטאָדט וואָהנען.

§ 3. יעדער פאַרגעשלאָגענער קאַנדידאַט מוז פאַרגעשלאָגען ווערען פון אַ מיטגליעד פון דיעזער לאָדזש מיט דיא אָנגאבע פון דעם פאָר און צונאָמען, ווי אַלטע ער איז, וואו ער וואָהנט און זיין בעשעפטיגונג. וויא אויך פאַרשלאַגעם געלד לויט דיא בעשליסע פון דיעזער לאָדזש. ווען אַ פאַרגעשלאָגענער קאַנדידאַט ווערט אָנ־גענומען ביי דיא ברידער דאַן זאָל דער פרעזי־דענט מיט דיא הילפע פון וויים פרעזידענט אַפּאָינטען אַ קאָמיטע פון 3 מיטגליעדער זייא זאָלען בעזוכען דעם נייען פאַרגעשלאָגענעם קאַנדידאַט און זיך ערקונדיגען אויב דער קאַנ־דידאט איז ווירדיג אויפגענומען צו ווערען אַלעס מעמבער אין דיעזער לאָדזש, אויך איז דער ערשטער פון דיעזער קאָמיטע פערפליכטעט צו געהן מיט'ן קאַנדידאַט צום דאָקטאָר און זיך אונטערשרייבען אויפ'ן דאָקטאר אַטעסט. אַלעס וויטנעס.

§ 4. ווען דאָס קאָמיטע בעריכטעט גינסטיג, זאָ קאָן דיא פּאָרשלאגס געלד ניט צוריק געצויגען ווערען.

§ 5. נאָך אַ גינסטיגען בעריכט פון דער קאָמיטע זאָל דער נייער פאָרגעשלאָגענער קאנדידאט באלאטירט ווערען. דיא קאָמיטע איז פערפליכטעט צו באלאטירען דיא ערשטע, דאן דיא מעמבערס ווען זיי ווילען. 3 (דריי) אָדער מעהרערע שווארצע קוגלען ווייזען דעם קאנדידאַט צוריק פאַר 3 מאָנאַטען, פאַלט דער באַלאַט גינסטיג זאָ זאָל דער רעקאָרדינג סעקרעטער דעם קאנדידאט בענאַכריכטען דורך אַ פּאָסטעל קארד אַז ער זאָל געהן צום לאָדזשען דאָקטאָר נאָך איין אַטעסט און וויא דערמאָנט אין פונקט 3 ברויכט איינער פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע אנוועזענד זיין ביין דאָקטאָר מיטען קאנדידאַט און אונטערשרייבען דעם דאָקטאָר אַטעסט.

§ 6. ווען א מאַיאָריטעט פון אונטערזוכונגס קאָמיטע בעריכטעט אז דער קאנדידאט

איז אונגינסטיג, אָדער, ער ווערט שוואַרץ באַ־לאָטירט דאַן בעקומט דער פאָרגעשלאָגענער קאַנדידאַט זיין פאָרשלאגס געלד צוריק.

§ 7. ווען אַ קאַנדידאַט ווערט צוריקגעוויזען פון דאָקטאָר דאַן בעקומט ער ניט צוריק זיינע דאָקטאר קאָסטען.

§ 8. ווען דיא באַלאָטירונג פון א קאנדי־דאַט, וויא אויך זיין דאָקטאָר אַטעסט צייגט גינסטיג, זאָל ער אויפגעפאָדערט ווערען פון רע־קאָרדינג סעקרעטער צו ערשיינען צום מיטינג אויפגענומען צו ווערען, אַלעס מיטגליעד, און ווען ער ערשיינט ניט ביז צו אונזער 3טען מי־טינג דאַן איז זיין פאָרשלאַגס געלד פערלאָרען. און ווען ער וויל נאָך אמאָל אין לאָדזש אריינקו־מען זאָ ברויכט ער נאָך אַמאָהל פאָרגעשלאָגען צו ווערען און א נייען דאָקטאר אטעסט בריינ־גען.

§ 9. ווען אַ מיטגליעד שלאָגט זיך פאָר סינ־געל אָדער זיין פרוי איז אין יוראָפּ איז דער קאנ־דידאט פערפליכטעט אָנצוצייגען דער לאָדזש

ווען ער הייראַט אָדער זיין פרוי איז געקומען פון יוראָפּ, זאָנסט האָט ער קיינע אנשפּריכע אויף אירגענד וועלכע בענעפיט וואָס דיעזע לאָדזש פאַרשפּרעכט צו דער פרויא פון א מיט־גליעד און ער ווערט בעטראכטעט אלעס סינ־געל מאַן.

§10 דיא פאָרשלאַגס געלד זאָל פון דיא איינ־טריט געלדער ארונטער גערעכענט ווערען.

## אַרטיקעל 5.

## איינטריט געלד און בייטראַגע.

§ 1. איינטריט געלד פאר קאנדידאטען זאָל זיין וויא פאָלגט.

| | |
|---|---|
| פון 21 ביז 25 יאָהר — — — | $2.00. |
| " 25 " 30 — — — | $2.50. |
| " 30 " 35 — — — | 3.00. |
| " 35 " 40 — — — | $4.00. |
| " 40 " 45 — — — | $5.00. |

אויסער דיעזע איינטריט געלד מוז אויף יע־דער נייער מעמבער עקסטרא בעצאָהלען פיר א געזעטץ בוך 25 סענט.

§ 2. רעגעלמעסיגע בייטראגע זאָל פיערטעל־
יעהרליך דיא סומע פון 1.50 אין פאָראויס בע־
צאָהלט ווערען דאָס מוז בעצאָהלט ווערען שפּע־
טסטענס און ערשטען פערזאמלונג נאָך דעם גע־
נעראל פערזאמלונג ווען אַ מיטגליעד בעצאָהלט
ניט זיינע בייטראגע צו דיא לעצטע איינצאָה־
לונג איז ער אין אַריער און איז ניט בערעכטיגט
צו קיין קראַנקען בענעפיט אָדער אירגענד אנ־
דערע בענעפיטס, אין אַריער הייסט אפילו 50
סענט שולדען.

§ 4. דיא יעניגע מעמבערס וועלכע ווערען
שטראַפירט מיט געלד, ווערט דיזע געלד צוגערע־
כענט ווערען צו זייערע שולדען אלעס רעגולע־
רע בייטראגע אויסער ווען דיא שטראפע ווערט
ענטלאסען.

## אַרטיקעל 6.

## רעכט און געניסע.

§ 1. ווען אַ גוטשטעהענדער מיטגליעד
שטארבט דאַן בעקומט זיין פרוי ווען פערהיי־

ראַט, אָדער זיין פאַמיליע ווען אונפערהייראַט די סומע פון ‎$100‎ פון לאָדזשען קאסע, און (‎$1‎) איין דאָלאַר פאר יעדען גוטשטעהענדען מיט־גליעד וואָס געפינט זיך אין לאדזש צו יענער צייט. דיעזע סומע זאָל בעצאָהלט ווערען אין צייט פון 60 טעג נאָכדעם וויא דער טוידטענס פאַל האָט פאַסירט. אויך בעקומט זיין פרוי אָדער פאַמיליע ‎$25‎ אויף דיא בעערדיגונגס עקספענסעס. און ווען אַ פרוי פון אַ מיטגליעד שטערבט, ועלכער קומט נאָך אַלע רולס לויט אַרטיקעל 4 § 8. דאן בעקומט דער מיטגליעד 25 דאָלאַר בעערדיונגס קאָסטען און ‎$100‎ פון לאָדזשען קאַסע. יעדער נייע פאָרגעשלאָגעם קאַנ־דלידאַט איז פערפליכטעט אריינצובריינגען אַ דאָקטאר סערטיפיקייט פאר זיין פרוי. איין אויס נאַהמע ווערט געמאכט מיט דיא מיטגליעדער וועלכע בעלאנגען אין לאָדזש ביז דיעזען טאָג ווען דיעזע קאָנסטיטוציאָן ווערט אָנגענומען אפריל דען 17טען, 1909. ווען עס שטאַרבט אַ קינד ביי א מעמבער אונטער אַ יאָהר זאָל דיעזע

לאָדזש בעוויליגען דיא סומע פון $5 ווען א זכר אונטער 18 יאָהר $11, און ווען אַ נקבה בע־פאָר פערהייראַטה דיא זעלבע סומע פון $11 אויף דיא בעערדיגונגס קאָסטען.

§ 2. ווען איין מעמבער אָדער זיין פרוי שטאַרבט דאן איז דיא פליכט פון פינאַנס סעק־רעטער צו רופען אלע מעמבערס פון לאָדזש אז זיי זאָלען געהן בעגלייטען דעם טוידטען צו זיין אָדער איהר לויה פאר איבערטרעטען דיעזען פּאַ־ראַגראַף קען מיט איין דאָלאַר ($1) שטראַפירט ווערען.

§ 3. ווען אַ מיטגליעד וואָס בעלאַנגט צו דיעזער לאָדזש 6 מאָנאַטען און מעלדעט זיך צום האָספּיטעלער קראַנק און ניט ארבייטס פעהיג און זיין קראַנקהייט ווערט בעשטעטיגט פון אַ פּראַקטיצירטען דאָקטאָר דאן זאָל דער מיטגליעד בעקומען 6 דאָלאַר אַ וואָך אַ קראַנקען בענעפיט פאר דער צייט פון 6 וואָכען און 3 דאָלאַר אַ וואָך קראַנקען בענעפיט פאר דער צייט פון דיא צווייטע 6 וואָכען אין זעלבען יאָהר

ווי אויבען אויסגערעכענט און די סומע זאָל ניט בעטרעפען פאַרע'ן יאָהר מעהר וויא 54 דאָלאַר דיא קראַנקען בענעפיט פאנגט זיך אָן צו רע־כענען פון דעם טאָג וואָס דער פינאנס סעקרע־טער האָט געקראָגען אַ שריפטליכע נאָטים מיט דעם געדרייטעטען סטעמפּ פון פּאָסט אָפיס. פון וואַנען דיא אָנצייגע איז געשיקט געוואָרען.

§ 4. קראַנקען בענעפיטס ווערען נור אויס־געצאָהלט ווען דער קראנקער ברודער איז קראנק א גאנצע וואָך. פאַר זיין קראנק וויינינגער וויא אַ גאַנצע וואָך צאָהלט דיעזע לאָדזש קיין קראנ־קען בענעפיטס.

§ 5. פאר אונמאָראַלישע קראנקהייט צאָהלט דיעזע לאָדזש קיין קראנקען בענעפיט.

§ 6. ווען אַ מיטגליעד פון דיעזער לאָדזש מעלדעט זיך קראַנק און וואָהנט אויסערהאַלב דער ווילעדזש פארטשעסטער מוז ער האָבען איין דאָקטאָר אַטעסט און אונטערשריבען פון אַ נאָטאָריע פּאָבליק אָדער קאָמיסיאָנער אָף דיעדס דאָס ער איז ווירקליך קראנק און ניט ארבייטס פעהיג.

§ 7. ווען א מיטגליעד פערלאָזט דעם ווי־
לעדזש פאָרטשעסטער מוז ער דאָס שריפטליך
דעם פינאַנס סעקרעטער מעלדען.

§ 8. ווען א מיטגליעד געפינט זיך אויסער
דער ווילעדזש פאָרטשעסטער 6 וואָכען ניט
מעלדענדיג דעם פינאַנס סעקרעטער פון זיין
אָברייזע איז ער צו קיין בענעפיטס בערעכטיגט.

§ 9. ווען א מיטגליעד פון דיעזער לאָדזש
פערלאָזט דיא פעראייניגטע שטאַטען פון אמע־
ריקא און ער מעלדעט זיך פון דאָרטען קראנק
דאַן איז ער צו קיין קראנקען בענעפיט בערעכ־
טיגט, ווען אָבער א מיטגליעד פערלאָזט דיא
פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקא איבער זיין
געזונדהייט דאן איז ער יאָ בערעכטיגט צו זיין
פולע בענעפיטס.

## ארטיקעל 7.

## שטרפען.

§ 1. א בעאַמטער וואָס איז ניט אנוועזענד
ביי מיטינג פון דיעזער לאָדזש זאָל מיט 25
סענט שטראַפירט ווערען אויסער ווען ער

ברייננגט איין ריכטיגע ערקלעהרונג פון זיין אב־ וועזענהייט.

§ 2. יעדער קאָמיטע מאַן וואָס בעזוכט ניט אַ קראַנקען מיטגליעד, אָדער ער בעריכטעט ניט צום נעקסטען מיטינג דאָס ער האָט בעזוכט דעם קראַנקען מיטגליעד זאָל מיט 25 סענט שטראַ־ פירט ווערען.

§ 3. ביי א טוידטען פאַל פון אַ ברודער אָדער זיין פרוי, ווען אַ מיטגליעד ערשיינען ניט צו דער לויה איז שטראַפירט מיט 1 דאָלאר.

§ 4. אַ מיטגליעד וואָס פאַרלאָזט דעם לאָ־ קאַל אָן דיא ערלויבענעס פון פרעזידענט איז מיט 25 סענטש שטראַפירט.

§ 5. יעדעס מיטגליעד וואָס פאָלגט ניט דעם האמערשלאג צום 2טען מאָהל זאָל מיט 25 סענט שטראַפירט ווערען צום ערשטען מאָהל און ווען דערזעלבער פאָלגט אַלעס ניט אָדער ער שטערט דיא רוהע זאָל דער זעלבער מיט 50 סענט שטראַפירט ווערען.

§ 6. אַ מיטגליעד וואָס מופּט זיין וואָהנונג און גיט ניט אָן זיין ריכטיגע אדרעסע צום פי־נאַנס סעקרעטער זאָל מיט 25 סענט שטראַ־פירט ווערען.

## ארטיקעל 8.

## אַלגעמיינע בעשטימונגען און ענדערונגען אין דיעזע ביי־לאָס.

§ 1. אַלע פּונטען וועלכע זיינען פאַרפעלט געוואָרען אין דיעזע ביילאָ׳ס קענען פערהאַנ־דעלט און בעשטימט ווערען ביי דיא מיטונגען.

§ 2. איבעראל וואו עס געפינט זיך אין דיע־זע ביילאוס דאָס וואָרט ברודער אָדער מיטגליעד איז דאמיט געמיינט א מאן אָבער ניט קיין פרוי.

§ 3. אלע פּאַרלעמענטאַרישע רולס ווערען גערולט ביי דיעזער לאדזש נאָך קושינגס מאַ־נועלס.

§ 4. אירגענד וועלכע ענדערונג, אויסבע־סערונג אָדער צוריקווייזונד פון דיעזע ביי־לאוס מוז פון איין גוטשטעהענד־ען מיטגליעד און דאן איין אפּאָינטעטע קאָמיטע דערצו, שריפט־

ליך אריינגעבראכט ווערען 2 מאָהל מוז דאָס פאַרגעלעזען ווערען ביי 2 מיטינגען און ביי דעם 3טען מאָהל מוז אַ ספּעציאל אָדער דזשענעראל מיטונג איינבערופען ווערען און ווען 2 דריטעל מאַיאָריטעט שטימען פיר אזא פאָרשלאַג דאן איז אַזאַ פאָרשלאַג אָנגענומען.

## ארטיקעל 9.

## בעאַמטען און זייער וואַהל.

§ 1. דיא בעאַמטע פון דיעזער לאָדזש איז אויספאָלגענדע: 1 פּרעזידענט, 1 וויס פּרעזי־דענט, 1 פּראָטאָקאָל סעקרעטער, 1 פינאנץ סעקרעטער, 1 שאצמייסטער, 1 אויסער וואכע, 3 טראָסטיעס, 1 אינערע וואכע און 1 פיהרער.

§ 2. דיא לעצטע 2 פערזאמלונגען בעפאָר דיא וואַהל איז ערשטע און 2־טע נאָמינייישאָן.

§ 3. יעדע וואהל מוז געשטימט ווערען מיט שטימצעטלעך, וואהלען זאָלען שטאַטפינדען אין דיא לעטע מיטונגען פון דזשון און דעצעמ־בער יעדער יאָהר, דער טערמין פיר בעאַמטע איז 6 מאָנאַטען מיט דיא אויסנאהמע פון די

3 טראָסטיעס וועלכע זאָלען ערוועהלט ווערען פיר א יאָהר דער אויסערער וואכע און פיהרער זאָלען אַפּאָינטעט ווערען פון פּרעזידענט.

§ 4. אירגענד וועלכער קאַנדידאַט וואָס לויפט פיר איין אמט אום ערוועהלט צו ווערען מוז האָבען אבסאָלוטע מאַיאָריטעט דאָס הייסט 1 שטימע מעהרהייט ערוועהלט דעם קאנדידאט.

§ 5. דער פּרעזידענט זאָל אין וואהל טאָג אָדער אין וואהל אבענד אפּאָינטען 3 אינספּעק־טאָרס ברידער פון דיעזער לאָדזש, זייער פליכט איז דיא וואהל צו וואטשען און דיא אבגעגעבענע שטימען צו צעהלען און דעם רעזאָלטאט דעם זעלבען טאָג אָדער אבענד דעם פּרעזידענט פון דיעזער לאָדזש מיטצוטהיילען, דער פּרעזידענט דארף גלייך דיא ברידער פון דיעזער לאָדזש מיט־טהיילען ווער איז עלעקטעט געוואָרען.

§ 6. איין קאנדידאַט פיר איין אמט פון דיעזער לאָדזש וועלכער איז ביי דיא וואהלען אב־וועזענד קען פאר קיין אמט ניט ערוועהלט ווע־רען. ביי נאָמינייישאָן מוז יעדער נאָמינירטער

קאַנדידאַט אנוועזענד זיין ביי מיטונג ווען ניט קען ער׳קיין נאָמינייישאָן קריגען.

§ 7. אינסטאַליישאָן פאר נייע בעאמטע זאָל שטאַטפינדען דעם ערשטע מיטונג נאָכען וואהל און דאָס הייסט דעם ערשטען מיטונג אין דזשולייי און דעם ערשטען מיטינג אין יאַנואַר.

§ 8. דער לעצטער עקס פּרעזידענט זאָל די נייע בעאמטע איינסטאָלירען.

§ 9. ווען א נייער בעאמטער ווערט אינס־טאָליערט מוז ער זיין קליר פון אלע שולדען, ביין איינסטאָלירען דיא בעאמטע זאָל דער עקס פּרעזידענט אָנפרעגען ביין פינאנסיעל סעקרע־טער אויב דער קאַנדידאַט פאַרען אמט איז שול־דיג צו דער לאָדזש ווען יאָ, קען ער ניט איינ־סטאָליערט ווערען און זיין אמט ביז ער סע־טעלט מיט דער לאָדזש.

§ 10. דער עקס פּרעזידענט זאָל דאן איינ־שווערען דיא בעאמטע אונטער פאָלגענדער שבואה:

מיר, דיא נייע ערוועהלטע בע־אמטע פון דער פאָרטשעסטער אינדע־

פּענדענט היברו לאָדזש, ערקלערען היערמיט, אז מיר וועלען טריי און עהרליך פערוואלטען דאס אייגענטהום פון דיעזער לאָדזש, און אלס בעאמטע וועלען מיר טרייען דאס וואָהל און בעסטעס פאר דיעזער לאָדזש. אויף דארויף גיבען מיר אונזער עהרען וואָרט אלס מענשען, אמן.

§ 11 גלייך נאָך אינסטאלליישאָן זאָלען דיא נייע בעאמטע פארנעהמען זייערע רעספּעקטיווע זיצע.

## ארטיקעל 11.

## פפליכטען פון דיא בעאמטע.

§ 1. דער פּרעזידענט זאָל דעם פאָרזיץ פון אלע פערזאמלונגען פיהרען. ער מוז אכטונג געבען אז דיא געזעצע פון דיעזער לאָדזש זאָלען דורכגעפיהרט ווערען. ער מוז אכטונג געבען אז יעדער בעאמטער זאָל זיין פפליכט טהאָן. אלע אָנווייזונגען פון געלד צום אויסצאהלען וואָס ווערט בעשלאָסען דורך'ן לאָדזש, זאָל

ער זיך אויף זיי אונטערצייכנען ; דיא באַנק בי־
כער און באָנדס אָדער אירגענד וועלכע ווערטה־
פאָלע פּאַפּירען זאָל ער בעהאלטען ; צוויי דריי־
טעל פון אלע קאָמיטעען זאָל ער אַפּאָינטען,
ער איז אויך אַ מיטגליעד אין אלע קאָמיטעען ;
יעדען קראנקען ברודער מוז ער אין טאָג דער
פערזאמלונג בעזוכען ; ער האָט דאס רעכט ביי
אירגענד איין צווייפעל פון דיא ביכער פון
דער לאָדזש צו אונטערזוכען, אָדער דורך אַ
קאָמיטע צו לאָזען אונטערזוכען ; אויך האָט
דער פּרעזידענט דאס רעכט, ווען אירגענד אַ
מיטגליעד מאַכט אונאָרדנונג ביים מיטינג, צו
לאָזען איהם ארויספיהרען פון מיטינג לאָקאַל.
ער מוז אָבער צוערשט אָנווענדען אנדערע גע־
זעצליכע מיטלען וויא שטראַפען אין געלד אָדער
צונעהמען דאָס וואָרט.

## וויים פּרעזידענט.

§ 2. דער וויים פּרעזידענט איז פער־
פליכטעט דעם פּרעזידענט אין אלע לאָדזשען
אנגעלעגענהייטען צו אונטערשטיצען ; ווען

דער פרעזידענט איז אבוועזענד, זאָל ער זיין שטעלע פערטרעטען; אויך האָט ער אלע פליכ־טען צו ערפילען וועלכע דיעזע לאָדזשע בע־שטימט פאר איהם; ער זאָל דיא מינאָריטעט פון אללע אַפּאָינטעטע קאָמיטעס ער־נענען; ער איז מיטגליעד פון קראנקען קאָמיטע; ער מוז יעדען קראנקען ברודער בעזוכען אין טאָג פון פערזאמלונג; ער איז דער פאָרזיצענדער פון פינאַנס קאָמיטע און איז אויך אַ מיטגליעד פון לייכען קאָמיטע.

## פּראָטאָקאָל סעקרעטער.

§ 3. דער פּראָטאָקאָל, סעקרעטער זאָל אַ ריכטיגען און אונפּארטייאישען פּראָטאָקאָל פיהרען איבער אלע בעשליסע און פערהאַנד־לונגען פון דיעזער לאָדזש; אויך האָט ער אלע פפליכטען צו ערפילען, וועלכע דיעזע לאָדזש בעשטימט פאר איהם; ער דארף פּראָטאָקאָלירען אלע שטראפען, וועלכע ווערען ארויפגעלייגט דורכ'ן לאָדזש און דורכ'ן פּרעזידענט. ער דארף אַלע ביכער און דאָקומענטען זיין נאָכפאָלגער

איבערגעבען; ער דארף שיקען נאָטיס צו נייַ־
פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאטען אַז זיי זאָלען צום
דאָקטאָר געהן אָדער צום מיטינג ערשיינען;
ער ברויכט נאָכ'ן מיטינג פון פינאַנס סעקרעט־
טער דיא איינגאַהמען און אויסגאבען אין זיינע
ביכער פערשרייבען; ער ברויכט צו יעדען מי־
טינג ערשיינען און דעם פּראָטאָקאָל פאָרלעזען,
און אלע צושריפטען און קאָררעספּאָנדענצען
אטענדען, און דערפאר קריעגט ער פון לאָדזש
אַ געוויסע סומע בעצאָהלט.

## פינאַנץ סעקרעטער.

§ 4. דער פינאַנץ סעקרעטער ברויכט אַ
ריכטיגען רעכענונג צווישען דיעזער לאָדזש און
דיא מיטגליעדער פיהרען; ער ברויכט אלע
לאָדזשען געלדער עמפּפאנגען און דיא זעלבע
דעם שאַצמייסטער נאָכ'ן מיטינג איבערגעבען,
און איין געגען־קוויטירונג נעהמען. ער האָט
אויך אלע פפליכטען פון לאָדזש צו ערפילען,
וועלכע ווערט פאר איהם בעשטימט; ער זאָל
דעם פּראָטאָקאָל סעקרעטער נאָכ'ן מיטינג אלע

איינגאהמען און אויסגאבען איבערגעבען; ער זאָל איין פיערטעל יעהריגען פינאַנס בעריכט פאָרלעזען צו יעדען דזשענעראל מיטינג, און אַ האַלב יעהרליכען פינאַנץ בעריכט אויספּער־טיגען בעפאָר דעם אריינטרעטען פון נייע בע־אמטע. ער דארף אלע מיטגליעדער צו דיא פיערטעל יעהרליכע גענעראל פערזאמלונגען געשריבענע אָדער געדרוקטע נאָטיסעס שיקען, אין וועלכע עס זאָל שטעהן אלע שולדען פון דעם מיטגליעד: וויא בייטרעגע, טעקסעס און שטראפען, וויא אויך ריקשטענדע געלדער. ווען איין מיטגליעד זיינע בייטרעגע, טעקסעס, ריק־שטענדע געלדער אָדער שטראפען געלדער ניט איינגעצאָהלט ביז צום 2טען מיטינג נאָך דער גענעראל פערזאמלונג, זאָל ער איהם אַ רע־דזשיסטרירטען לעטער שיקען, וואו דער מיט־גליעד זאָל איינגעלאדען ווערען צו בעצאָהלען ביז נעכסטען מיטינג (דאס הייסט שטרייך אבענד), זאָנסט איז דער מיטגליעד געשטריכען פון דער לאָדזש. דער פינאַנס סעקרעטער זאָל

אויף ביי דעם פערטעל יעהרליכען אונטערזור־ כונגס פון דיא פינאנץ ביכער אנוועזענד זיין, ער זאָל דיא פינאנס קאָמיטע אלע אויסקינפטע איבער דיא ביכער געבען, ער זאָל אלע ביכער פון דער לאָדזש וויא אויך דאָקומענטען זיין נאכפאָלגער איבערגעבען. ער זאָל איין ריכטיגע בוכפירונג פיהרען איבער אללע איננאהמען און אויסגאבען פון דיזער לאָדזש, און ווען אַ קראַנקער מיטגליעד מעלדעט זיך צו איהם קראנק, זאָל ער לויט דיא אלפאבעטישע בוכ־ שטאבען פון דיא מיטגליעדער אַ קראַנקען קאָ־ מיטע צו איהם צו בעזוך שיקען און צום נעכ־ סטען מיטינג דיא נעמען פון דער קאָמיטע ביים מיטינג פאָרלעזען.

## שאַצמייסטער.

§ 5. דער שאצמייסטער זאָל, בעפאָר ער טרעט איין אין זיין אַמט, געבען צו דיזער לאָדזש איין סעקיוריטי, וויפיעל און וואָס פאר אַ סעקיור־ ריטי דארף דיעזער לאָדזש בעשטימען בעפאָר זיין איינטרעטען אין זיין אמט; דער שאצ־

מייסטער איז פערפליכטעט אריינצולייגען אין באַנק דיא געלד וואָס געפינט זיך ביי איהם מעהר פון 50 דאָלאר. דיא געלדער פון דיעזער לאָדזש זאָל מעהר וויא אין איין באַנק דעפּאָנירט ווערען. ער זאָל אלע לאָדזשען געלדער פון פינאַנץ סעקרעטער ערהאלטען און רעסיטס דאפיר געבען. ער זאָל אלע אָנווייזונגען אונטערשריבען פון פינאַנץ סעקרעטער און פּרעזידענט אויסצאהלען. ער זאָל ביי אלע אונטערזוכונגען פון דיא ביכער אנוועזענד זיין; דער שאַצמייסטער מוז אויך איין מאָל וועכענטליך יעדען קראנקען ברודער בעזוכען; ער זאָל אלע געלדער, ביכער, דאָקומענטען, וויא אויך אנדערע אייגענטהום פון דיעזער לאָדזש זיין נאָכפאָלגער פינקטליך איבערגעבען. פיר זיינע טרייע דיענסט צום לאָדזש זאָל ער ערהאלטען 1 דאָלאר אַ יאָהר געהאלט.

## טראָסטיעס.

§ 6. דיא טראָסטים זאָלען אויף אלע אייגענטהום פון דיעזער לאָדזש גענוי אויפפּאסען

און אלע נויטיגע זאכען וואָס דיא לאָדזש ברויכט איינצושאפען; זיי זאָלען אלע געלדער פון דיזער לאָדזש שנעל און אין זיכערע ביינק דעפּאָנירען און דיא ביינק ביכער דעם פּרעזידענט איבערגעבען; זיי דארפען אויפפּאסען דאס דער שאַצמייסטער זאָל ניט מעהר וויא דיא געזעצליכע סוממע געלד אין זיינע הענד האַלטען. זיי ברויכען ביי יעדען מיטינג בעריכטען פיעל געלד עס איז דעפּאָנירט געוואָרען; זיי ברויכען אויך געלד פון דיא ביינק צו ציהען, ווען עס ווערט אונטערשריבען פון פּרעזידענט און פינאַנס סעקרעטער, און עס גלייך צום שאַצמייסטער איבערגעבען. יעדער טראָסטי מוז אם וויינינגסטען זיין נאָמען קענען אונטערשרייבען.

## אויסערע וואַכע.

§ 7. דער אויסערע וואכע איז פערפליכטעט בעפאָר דער מיטינג עפענט זיך אין מיטינג לאָקאַל אנוועזענד צו זיין, און אלע פפליכטען וואָס דער פּרעזידענט בעאויפטראגט איהם צו ערפילען.

## איננערע וואַכע.

§ 8. דער איננערע וואכע האָט ביי יעדען ברודער וואָס קומט צום מיטינג דאס פּאַסיר־וואָרט אבצונעהמען. אָהן פּאסיר־וואָרט זאָל ער קיינעם קיין איינלאס געבען אין מיטינג לאָקאל; אויך האָט ער אלע פּפליכטען צו ערפילען, וועלכע דיעזע לאָדזש בעשטימט פאר איהם.

## פיהרער.

§ 9. דער פיהרער איז פערפּליכטעט דיא באַלאָט באָקס פּאָרצובערייטען און דעם פּרעזידענט בעהילפיג זיין ביי דער איינפיהרונג פון נייע קאַנדידאטען.

## ארטיקעל 12.

## קאָמיטעען און זייערע פּפליכטען.

§ 1. דיא קאָמיטעען זאָלען בעשטעהן אוים פּאָלגענדע :

1) קראַנקען קאָמיטעע ;

2) פינאַנץ קאָמיטעע ;

3) אונטערזוכונגס קאָמיטעע ;

4) אונטערשטיצונגס קאָמיטעע;
5) לייכען קאָמיטעע;
6) פרידען קאָמיטעע;
7) שבעה קאָמיטעע.

§ 2. ביי איין אנשטעקענדע קראנקהייט פון איין מיטגליעד פון דיעזער לאָדזש איז דיא קראנקען קאָמיטעע ניט פערפליכטעט צו בעזוכען דעם קראנקען.

## פינאַנץ קאָמיטעע.

§ 3. דיא פינאנץ קאָמיטעע בעשטעהט פון 5 מיטגליעדער, וועלכע דער פרעזידענט מ״ט דיא הילפע פון וויים פרעזידענט ערנענען. דיזע קאָמיטעע שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון וויים פרעזידענט; זייער פפליכט איז אלע רעכענונגען, קוויטירונגען, צאהלונגען און אָנווייזונגען פון דיעזער לאָדזש גענוי צו אונטערזוכען און דעם רעזולטאט צו דער לאָדזש צו בעריכטען.

## לייכען קאָמיטעע.

§ 4. דאס לייכען קאָמיטעע בעשטעהט פון 8 מיטגליעדער, ביי א פרוי בלויז פון 4 מיט־

גליעדער; דער פינאַנץ סעקרעטער זאָל דיעזע קאָמיטע אפּוינטען נאָך דיא אלפאבעטישע ריי־הע פון אונזער לעדזשער. דיעזע קאָמיטעע מוז דיא לייכע בעגלייטען ביז צום בעערדיגונגס פּלאַטץ. דיעזע קאָמיטעע איז בעוויליגט צו ספּענדען ביז 2 דאָלאר.

## פרידענס קאָמיטעע.

§ 5. דיא פרידענס קאָמיטעע בעשטעהט פון 5 מיטגליעדער, וועלכע דער פּרעזידענט ער־נאַנט. זייער פּפליכט איז אלע שטרייטיגקייטען צווישען דיעזער לאָדזש און מיטגליעדער פון דיעזער לאָדזש צו שליכטען און דאס בעריכ־טען צום נעכסטען מיטינג. קלאַגען ווערען נור דאַן אנערקענט, ווען דער קלעגער ברענגט אריין אַ שריפטליכע קלאַגע און לאָזט אַ קאָפּיע פון דיעזער קלאַגע איבער ביי זיך; דיעזע קאָמיטע זאָל ביי זייער ערשטען מיטינג איין טשערמאַן און סעקרעטער ערוועהלען. נאכדעם וויא אַ קלאַ־גע איז צו דיעזער קאָמיטע איבערגעגעבען גע־וואָרען צור פערהאנדלונג, זאָ ברויכט דער סעק־

רעטער פון דיעזער קאָמיטע אַ קאָפּיע פון דער קלאַגע און אויך איין איינלאַדונג שיקען צום אָנגעקלאָגטען, געבענדיג איהם אם וויניגסטענס 3 טעג צייט פאָרהער צו דער קאָמיטע צו ער־שיינען. עס איז ערלויבט דעם אָנגעקלאָגטען זיך בעהילפיג צו זיין דורך אַ פערטהיידיגער, וועל־כער מוז אַ מיטגליעד פון דיעזער לאָדזש זיין. דיא קאָמיטע זאָל דיא גאנצע קלאגע אונטער־זוכען און אַ שריפטליכען בעריכט צום מיטינג ברייגנען. ערשיינט אָבער ניט דער אָנגעקלאָג־טער נאכהער וויא ער האָט ערהאלטען דיא איינ־לאנדונג מיט דער קאָפּיע פון דער קלאגע פון דער קאָמיטע, דאן זאָל דער סעקרעטער דעם אנגעקלאָגטען אַ צווייטע סופּינע שיקען, ער־קלעהרענדיג דעם אָנגעקלאָגטען אַז זיין ניט ערשיינען וועט זיין אַ בעשטעטיגונג אויף דער קלאַגע און זיי וועלען איהם משפּט'ען אין זיין אבוועזענהייט. ערשיינט דער אָנגעקלאָגטער דאָך ניט צום צווייטען מאָל, דאן זאָל דיא קאָמיטע פאסען איהר בעשלוס אין דער אבוועזענהייט

פון אנגעקלאָגטען. אין פאל דער קלעגער, נאָב־
דעם וויא ער האָט געקראָגען נאָטיס, און איז
צו דער קאָמיטע ניט ערשינען, האָט דאס קאָמיטע
דאס רעכט דיא קלאגע צו פערווייזען אָדער
אָבצולייגען אויף א בעשטימטע צייט און נאָטיס
געבען דעם קלעגער מיט'ן אָנגעקלאָגטען וועגען
זייער בעשלום.

## שבעה קאָמיטעע.

§ 6. דיא שבעה קאָמיטעע זאָל פון פי־
נאַנס סעקרעטער אפּאָינטעט ווערען לויט דיא
אַלפאבעטישע בוכשטאַבען פון אונזער לעדזשער.
דיא פפליכט פון דיא שבעה קאָמיטע איז צו
בעזוכען דיא טרויערענדע פאמיליע פאר דער
גאַנצער וואָך פון זייער שבעה זיצען.

## אונטערשטיצונגס קאָמיטעע.

§ 7. דיא אונטערשטיצונגס קאָמיטעע זאָל
פון 5 מיטגליעדער בעשטעהן. 3 זאָלען פון
פרעזידענט און וויים פרעזידענט אפּאָינטעט
ווערען, 2 זאָלען פון שאצמייסטער און 1טען
טראָסטיע בעשטעהן און דער פרעזידענט און

וויים פרעזידענט זאָלען און דיעזער קאָמיטע עקס אָפּיסיאָ דינען. זייער פפליכט איז, ווען אַ מיטגליעד מעלדעט זיך אין נויטה, גענוי צו אונטערזוכען, און אַ מיטינג אָבהאַלטען, און ווען דיא אונטערזוכונגס קאָמיטע געפינט אויס, אַז דער מיטגליעד איז ווירקליך אין נויטה, האָבען זיי דאס רעכט דעם מיטגליעד צו אונטערשטיצען מיט 10 דאָלאַר.

§ 8. אין פאל איין ברודער טרעפט איין אויסערגעוועהנליכעס אונגליקספאל און דאס אונטערשטיצונגס קאָמיטע דענקט, אַז 10 דאָלאַר איז וויעניג צו אונטערשטיצען און ניט גענוגענד צו העלפען דעם מיטגליעד, דאן האָט אַ מאַיאָריטעט פון דיעזער קאָמיטע דאס רעכט צו רופען אַ שפעציאל מיטינג און ביי דיעזען מיטינג קען בעשלאָסען ווערען צו שטיצען דעם מיטגליעד, אָבער ניט מעהר וויא מיט 25 דאָלאַר. ביי דער אבשטימונג פון אַזאַ פאָרשלאג דארף מיט סעקרעט שטימצעטלעך געשטימט ווערען. צוויי דריטעל מאַיאָריטעט איז

נויטוועגדיג, אז אַ פאָרשלאַג וועגען אונטער־
שטיצען זאָל אָנגענומען ווערען. דיא שטימצעט־
לעך זאָלען זיין „יע“ אָדער „ניין“. מיט מעהר
וויא 25 דאָלאַר אַ יאָהר קען אַ מיטגליעד ניט
אונטערשטיצט ווערען. אַלע פערהאַנדלונגען,
בעשליסע און אונטערזוכונגען פון דיעזער קאָ־
מיטע מוז שטרענג געהיים געהאַלטען ווערען.
אין פאַל עס וועט זיך אויסגעפינען, אַז איינער
פון דער קאָמיטע האָט אַרויסגעבראַכט אירגענד
וועלכע בעשליסע אָדער האַנדלונגען פון דיעזער
קאָמיטע, דאַן זאָל דער מיטגליעד מיט שאַנדע
אויסגעוויזען ווערען פון דיעזער קאָמיטע.

§ 9. דער מיטגליעד וואָס מעלדעט זיך
קראַנק און קריעגט קראַנקען בענעפיט איז ניט
בערעכטיגט צו קיין אונטערשטיצונג אַזוי לאַנג
ער קריעגט קראַנקען בענעפיט.



קאָנסטיטושאָן קאָמיטע:

ל. פאלק — — — — — — — טשערמאן.

מאַקס פרידלענדער — — — — — סעקרעטער.

מענדע גאָלדראָווסקי.

בעאַמטע:

הערריס וועקסמאַן — — — — — פרעזידענט.

איזי ראָבענסאָן — — — וויים פרעזידענט.

מאַקס וואקסמאַן — — — רעק. סעקרעטער.

מענדע גאָלדראָווסקי — — — פינ. סעקרעטער.

סעם סמיטה — — — — — — טרעזשורער.

נייטען הורוויץ, — — — — —
מאָררים קאפּלאַן — — — — — } טראָסטיעס.
טשאלי פיינסאָן — — — — —

## די א שבועה

איך שווערע אונד פארשפרעכע פייערליך דאָס איך וועל נימאלס פון אונזער פארטשעס־טער אינדעפּענדענט היברו לאָדזש קיינע געהיי־מענים ניכט ארויסגעבען ווערדע! איך שווערע אויך דאָס איך וועל איין ברודער נימאַלס אומ־רעכט טאָהן אונד אין יעדענפאלס א ברודער אין אַ נויטווענדיגע אנגעלעגענהייט בעהילפיג צו זיין: זאָ שווערע איך ביי מיין הייליגען גאָט, אָמן.

צו קאָנטראָלירען מיטינגען.

1) פאָרלעזען בעאַמטע ליסט.

2) פאָרלעזען פּראָטאָקאָל פון לעצטען פאַר־זאמלונג.

3) בעריכטען קראנקען קאָמיטעע.

4) אינוועסטיגיישאָן קאָמיטעע.

5) באַלאַטירונג איבערזעלכע.

6) איינפיהרונג.

7) פאָרשלאַגען נייע קאנדידאַטען.

8) צושריפטען.

9) קאָמיטעע בעריכט.

10) טראָסטי בעריכט.

11) בעריכטע טרעזשורע.

12) צו וואָהל און בעסטען דיא לאדזש.

13) בעריכטע איינאהמע אונד אויסגאבע.

14) שלום דיא לאדזש.

